# איין ליבע

א שווארצאפל אין אויג מיינעם — איינער,
א הארץ אין מיין ברוסט-קאסטן — איינס נאָר,
א יוגנט געהאט האָב איך איינע,
איין מאָל האָט איר צוויט געשנייט,
און א געליבטע געהאט האָב איך איינע,
דו ביסט עס, שיינע, מיין שיינע,
מיין פריינט,
מיין פרייד.

א שטיפער א זון האָב איך איינעם,
א טאָכטער א צארטע כ׳האָב איינע,
א פאָטערלאנד איז בא מיר איינס נאָר,
און דעם בין איך אייביק געטריי,
א בלוטיקן פיינט האָב איך איינעם,
און סאָנימלעך פיצינקע, קליינע
גיי איך שטענדיק פארביי.

איין ליבע איז שטארקער פון אלע,
איין סינע איז גרעסער פון אלע,
איין טרוים-בארג איז העכער פון אלע,

ריינער פון אלע איין לייד.
און אָט, צי געווינען צי אלצדינג פארפאלן,
עס זײַנען זיך שווערדן צוזאמענגעפאלן
אין ראנגל אף לעבן און טויט.

דער אָנוווקס פון סינע — א פינצטערער וואָלקן,
דער אָנוווקס פון ליבע — א בליץ אין די וואָלקנס,
און וואָלקנס אין וואָלקנס
זיך שנײַדן מיט דונערס ארײַן.
און פאָלקן אף פאָלקן,
און פאָלקן אף פאָלקן,
נאָר זיגן וועל איך
און די שײַן...

1942

# די מוטער פונ מייַנ פרוי

די מוטער פונ מייַנ פרוי איז נידעריק אינ וווּקס,
אונ דאר איז זי, אונ פלינק איז זי, אונ רידעוודיק אונ קלוג,

נאָר ווייניק האָט זי גליק געזענ אונ אפולע ווײ,
אונ ניט באמערקט גאָר, ווי דעמ קאָפּ באשאָטנ האָט א שניי.

נאָר דאנ ווערנ די קינדער גרויס, אונ שפּראָצנ נעמט איר גליק...
אונ אָט, דעמ זונ דעמ איינציקנ אינ דער ארמיי זי שיקט.

דעמ איינציקנ, דעמ טייַערנ, וואָס ער איז גאָר איר פרייד,
אינ לאנגנ וועג, אינ ווייַטנ וועג, אינ שווערנ וועג באגלייט...

אליינ האָט זי אימ אופגעוועקט קוימ אפּ טאָג א שייַנ,
אריַינגעלייגט א לעבל ברויט אינ רוקזעקל אריַינ.

א זילבער-לעפל, וואָס געשענקט דער טאטע האָט אימ לאנג,
אונ פרישע גילכ פונ מעלק-שעפל האָט זי צומ טיש דערלאנגט.

נאָר ווענ דער זונ איז גרייט געווענ זיכ לאָזנ שוינ פונ אָרט,
געקומענ איז אינ אויג א טרער אונ אינ איר מויל א וואָרט:

— דו גייסט אוועק, מײַן אײנציקער, מײַן טײַערער, מײַן שײַנער,
איז גיי געזונט און זײַ געזונט, מיסטאמע אזוי דאַרף זײַן.

אונדז וויל דער סוינע אויסראָטן, פאַרוויסטן אונדזער טראָט,
איז גיי אַף אים, מײַן טײַערער, אזוי איז דאָס געבאָט.

און בלײַבן וועסטו גאַנץ, מײַן קינד, מיר וועלן גאַנץ זײַן אויך...
די מוטער פון מײַן פרוי איז גאָר אין ווייקס ניט הויך,

און ווייניק האָט זי גליק געזען און אַפּולע ווײ,
באַגלייט האָט זי איר אייניקל, איר זון אין דער אַרמײ...

1942

## רוסטאמ

נעבנ שטאָט סאמארקאנד, אינ קישלאק אינ טײלאָק,
דאָרטנ װוינט נאָכ זײַנ ברודער ביז הײַנטיקנ טאָג,

אונ דער העלד, װעגנ װעמענ עס זינגט אָט די ליד,
אונדזער העלד לעבט דאָרט ניט, לעבט אינ ערגעצ מער ניט.

עס האָט זיכ ליכטיק זײַנ דרײַסיקסטער זומער צעגרינט,
װענ פונ מײַרעװ מיט שלאכט האָט צעװײט זיכ דער װינט.

װענ די זונ איז א רױטע ארױס אפנ לאנד,
האָט גענומענ א ביקס אונדזער יונג אינ דער האנט.

װענ די דעכער באדעקט האָט א זילבערנער שנײ,
האָט באקומענ זײַנ מוטער א בריװ פונ ארמײ:

— אפ דעמ ברײטנ, װײַסרוסישנ זאמדיקנ פעלד
אײַער זונ איז געפאלנ, װי ס׳פאלט א העלד...

פונ דער מוטער — דער ברודער, פונ ברודער — די פרױ,
אונ ס׳האָט די יעדיע פארשפרײט זיכ אזױ.

ס'איז רוסטאם אי א פּאָטער געווען, אי א מאן,
אי א כאווער א־טרײַער אין פײַער און פלאם.

און די אלטע אראָפּגעלאָזט האָבן דעם בליק,
און די מאמע אין טרויער דעם קאָפּ האָט געוויגט.

נאָר די יוגנט די דרייסטע פון גאנצן קישלאק
האָט געטאָן די יעדיִע אין הארצן א באַק:

— מיט רוסטאמען מיר האָבן די פעלדער געזייט,
און געטרונקען איין ווײַן, און געגעסן איין ברויט.

און געארבעט באטאָג, און געזונגען באנאכט,
מירן גיין, ווי רוסטאם איז געגאנגען אין שלאכט.

ניט קיין וויוגע אין דרויסן די בלעטער צעווייט,
אירע יונגענ אין שלאכט האָט די געגנט באגלייט.

ניט קיין צווײַגן עס וואָיען מיט ווינטן אין שטרײַט,
נאָר דאָס הירזשענ די פערד און זיך רײַסן אין ווײַט.

און עס האָבן די מוטערס און מיידלעך ארום
מיט די זין און געליבטע געזעגנט זיך שטום...

ס'איז געפאלן רוסטאם, ווי א טענענבוים פאלט,
אפן אָרט פון א העלד וואקסט אויס העלדן א וואלד.

ס'איז געפאלן א יונג, זײַנע יונגענ פאראן,
רײַט א מאכנע א גאנצע — איין דרייסטער רוסטאם...

1942

# דורך הייסע וועגן

1

אונטער הילצערנע מאציייוועס,
לאנג מיט מאָך פארוואקסן גראָ,
צווישן טאָפּאָלן ווי שניי ווײַס
רוען מײַנע זיידעס דאָ.

זיי האָבן געזונטע, הארטע,
שטום געלעבט אין גרינעם באָר,
און דער טויט פלעגט אַף זיי ווארטן
גאנצע לאנגע הונדערט יאָר.

2

ווי דאָס היימלאנד איז דיר טײַער!
ווי ס'איז ליב דיר אָט דער קאנט!
ס'איז דאָס פאָטערלאנד אין פײַער,
איבער דעם דער סוינע שפּאנט.

ס'איז מײַן פאָטערלאנד אין פײַער,
מיך באגלייט אין וועג דער וויי,

כ׳טראָג מײַן קאָפּ דעם לאנד צושטײַער,
און ס׳איז מיר נאָך קארג אזוי.

ניט אזוי דער ווײ באגלייט מיך,
שטארקער מיך די סינע ברענט,
מײַנע קליידער — זעלנער־קליידער,
און א ביקס אין מײַנע הענט.

3

פלאם און פלאם פון אלע זײַטן
האָט דעם וועג מיר אויסגעשפּרייט,
רויך באטאָג, באנאכט אין ווײַטן
איז דער הימל פּורפּור־רויט.

רויט אין הייכן און אין נידער,
דו פארקריצ בא זיך אין הארצ
אָט דעם אָסיען דעם צעגליטן,
אָט די רויכן טונקל־שווארצ.

ליקע־כאמע, ליקע־כאמע,
נאָר ס׳וועט רויט בלײַבן מײַן שטאם,
מײַן געליבטע און מײַן מאמע
הער איך שרײַען אינעם פלאם.

4

מיר גייען אלץ, מיר טרעטן אָפּ,
און וועגן ווערן פּוסט און ליידיק,
ס'איז זייער טײַער מיר מײַן קאָפּ,
נאָר אָפּטרעטן אזא מין ווייטעק.

כ'וואָלט אָפּגעבן דעם קאָפּ, דעם גאנג
פון דולן פּײַנט נאָר אָפּצושטעלן,
מיר וועלן אָפּטרעטן נאָך לאנג?
צי באלד אין ראנגל גיין מיר וועלן?

5

אָט באלד איז מאָסקווע — אונדזער רום,
אין הארץ מיט ליכט אן אײַנגעפלאנצטע,
און מאכנעס שפּאנען שטרענג און שטום,
און ס'גייען יונגען, ווי געפּאנצערטע.

דו טו בא יעדערן א פרעג,
צי איז ער גרייט פאר מאָסקווע שטארבן,
ווען ער דערמאָנען בעסטע טעג,
באכיינט מיט וואונדערלעכע פארבן.

ווען שטיל פארציִען דעם שינעל,
ווען הייסן גרויסן איבערגעבן,
און שטארבן גיין אָן א באפעל,
אבי נאָר מאָסקווע שטאָט זאָל לעבן.

6

אין פעלד איז פוסט, דעם שפּעטן שניט
האָט מען אין גארבן לאנג צעבונדן,
א שטערן כ׳האָב אין בלוי געהיט,
איז ער אין ערגעץ-ווו פארשוווּנדן.

נאָר אים פארבײַט די זון אליין,
די נאכט פארגייט אין שווערן שאָטן,
געקומען איז דער טאָג צו גיין —
מיר האָבן מער ניט אָפּגעטראָטן.

7

ס׳איז מײַן אויג מיט ווײ פארלאָפן,
כ׳האָב אין זיך א פּײַן דערפילט,
כ׳האָב געצילט, און כ׳האָב געטראָפן,
כ׳האָב געטראָפן און געצילט.

איין פּײַנט פאלט, נאָר ווילד און שיקער
שפּאנט דער אנדערער פאָרויס,
גלײַך ווי די צעררייצטע ביקעס,
און מיך טוט פון אָרט א שטויס.

מיר דערמאָנט זיך גאָר מײַן טאטע,
ווינטער, ס׳שיט א שניי, ס׳איז קאלט,
ער באגעגנט ווּלף א טשאטע
אין דער נאכט אין שטומען וואלד...

און איך האָב אין זיך פאַרגעסן,
מיט גראַנאַטן פלינק און יונג:
„אַפּ די וועלפּ, די קינדער־פרעסער!“
שריי איך אויס און טו אַ שפּרונג.

8

כ'טו אַ שפּרונג, און טו אַ שלײַדער,
און פאַל צו צו גרויער ערד,
כ'הער, דאָס האַרץ נאָר שלאָגט פאַרשטײַטער,
אָט האָט זיך אין לופט דערהערט

הויך אַן אויפרײַס, זיך צעקלונגען
אַ הוראַ האָט רוסיש, עכט,
אָט אַ הייב זיך טויזנט יונגען —
און מיט סאָנים אין געפעכט.

אַ הוראַ, ווי קופּער־פּעסער
וואָלטן קײַקלען זיך אַף שטיינער:
— טויט די וועלפּ, די קינדער־פרעסער!
נאָ'נט איז מאָסקווע, אונדזער היים!..

1942

## ווען איך זאָל זײַן דער גרעסטער גוואַר

ווען איך זאָל זײַן דער גרעסטער גוואַר,
וואָלט איך קיין לידער איצט ניט זינגען,
איך וואָלט זיך אויסגעשמידט א האַק
א שאַרפע, ווי מײַן צאַר,
זי זאָל זיך איבער סאָנימס קעפּ צעקלינגען.

נאָר מײַן פּאָר הענט איז איצט מיר קנאַפּ,
מײַן סינע ווערט אַלץ הייסער, גרעסער,
און טראָפּנווײַז מײַן בלוט איך צאַפּ,
קעדיי צו אויסשלײַפן א מעסער,

ער זאָל ניט ווערן קיינמאָל טעמפּ,
אַז טויזנט הענט זאָלן אים האַלטן,
און מיט דעם האַס, וואָס אין אים ברענט,
דעם סוינעס טויזנט קעפּ צעשפּאַלטן...

1943

# נאָענטע

## א

### דער הימל וועט ווידער זײַן בלוי

דער הימל וועט ווידער זײַן בלוי און טיף,
אף דר'ערד וועט זײַן ווידער א זומער,
פון ברידער און שוועסטער וועלן אָנקומען בריוו,
נאָר פון דיר וועט דײַן מוטער קיין בריוו ניט באקומען.

עס וועלן זיך אומקערן קריגער פון פראָנט
אהיים צו די פרײַנט, צו די ווײַבער...
צום פרײַנט דײַנעם צוגיין מײַן שוועסטער וועט נאָ'נט,
און טרויעריק שטיין נעבן אים וועט זי בלײַבן.

דער פרײַנט וועט דערמאָנען פארגאנגענע טעג,
דערמאָנען אָן דיר וועט ער, דאָוויד,
און צוגעבן וועט ער: — מיר האָבן איין וועג,
איין וועג אין דעם לעצטן באגלייט אים מיט קאָוועד.

און זי וועט אלץ שטיין און וועט צוהערן שטיל,
וועט קוקן אף אים און ניט וויינען...
און דוכטן וועט איר, פארבײַ בארג, פארבײַ מיל,
אַט אײַלסטו, אַט קומסטו א שלאנקער און שיינער...

1943

## ב

### ברודער

דעם אָנדענק פֿון מײַן
ברודער אווראָם

ס׳טוט מיר פֿאַר א גאַ׳נטן וויי, ווען כ׳זע, אים דריקט די פּײַן,
און פֿאַר א פֿרײַנט, וואָס האָט אין לייד דעם קאָפּ פֿאַרבויגן.
אין דיר האָט דאָך געטריפֿט די זעלבע שײַן,
און מיר האָבן מיט דיר איינע ברוסט געזויגן.

ווען ס׳טרעפֿט א פֿרײַנט די פּײַן, און העלפֿן קאָן מען ניט,
דאַן דריקט מען אים די האַנט, מע זאָגט אים: „ברודער!״
און אָט דאָס וואָרט אליין די הילף אים גיט,
פֿאַר אָט דעם וואָרט אליין דערמאָנט ער שוין צום גוטן.

איז ווי זאָל זיך מײַן קאָפּ ניט נייגן טיף,
איז ווי זאָל זיך מײַן קאָפּ צו דר׳ערד ניט בייגן?
ס׳האָט דאָך פֿאַר אונדז איינע צאַרטע שײַן געטריפֿט,
מיר האָבן דאָך מיט דיר איינע ברוסט געזויגן...

1943

## ג

### אפ דײַן וועג

װען דו האָסט אָנגעטאָן דאָס רענצל,
האָב איך געװוּסט — דײַן וועג איז ניט קיין גרינגער,
און דאָך אפ דעם האָב איך זיך ניט געריכט...
דו ביסט געװען א טענצער,
דו ביסט געװען א זינגער,
און ס׳איז פאר מוגטערקײַט דאָך פּאסיק זון און ליכט.

דו ביסט געװען א פלינקער און א שלאנקער,
און אלץ אוועק איז פלוצלינג, ווי א שאָס.
עך, יאשע!
יאקאָוו!
יאנקל!
נאָר שטיל זיך וויגט דאָס גראָז...

מיר דארפן נאָך דעם פײַנט אזויפיל דאָ באצאָלן,
דײַן האנט צו ליבע און צו האס איז ברייט געװען.
כ׳וועל דיך באגעג׳נען נאָך אין כאָלעם,
און דו וועסט מיך אין כאָלעם אויך ניט זען.

1944

ד

## ווער ליגט דאָ?

ער האָט ליב געהאט די העלע שײַנען,
ווו פארבנ מינענ זיך אונ שלייפנ.
אונ נאָך א טראָפּנ פרילינג-שײַנ
האָט ער געקענט זיך לאָזנ לויפנ.

ער האָט ליב געהאט אינ אָוונט-בלוי
מיט גוטע-פרײַנט אונ נאָ׳נטע זיך באגעג׳נענ.
אונ קינדער האָט ער ליב געהאט אזוי,
ווי יונגע יינגלעך האָבנ ליב א רעגנ.

נאָר מער פונ אלצ האָט ער געליבט זײַנ לאנד,
פונ אָט דער ליבע גאָרניט איז ניט גרעסער;
זאָל דער, וואָס וויל דעמ ברענגענ שאנד,
מיט אימ זיך ניט באגעג׳נענ בעסער.

איצט רוט ער דאָ, דער טוי איז פריש,
א בערגל זאמד, א בוימ א שלאנקער,

ווי פֿליגל טוט דער ווײַ אַ ריס,
מיט וואָס, מיט וואָס זשע זאָל איך אים באַדאַנקען?

האָב ליב די שײַן, דעם קינדס אַ טרער,
די זון מיט אירע אַלע פֿאַרבן,
דאָס פֿאָטערלאַנד דאָס גרויסע ליב, ווי ער,
לעב פֿאַר דעם לאַנד און צוליב דעם קען שטאַרבן.

1944

## פּאָלעסיע, מײַן היים!

גאָלדענע, שטרויענע דעכער,
פענצטער, געשמירטע מיט ליים,
קירבעס און עפּל אױף סטרעכעס,
פּאָלעסיע — מײַן היים!

וועלדער אױף הונדערטער ווערסטן,
זאמדן און זאמדן און שטיין,
דאָ, נאָכן וועג נאָכן שווערסטן,
געפינסטו א היים.

און דײַנע פעלדער, ווײַסרוסלאנד,
און דײַנע לאָנקעס, דײַן פליין,
און דײַנע הארבסטיקע בושלעס
מיך רופן אהיים!

1943

# פון יענער שלאכט

פון יענער שלאכט, פון יענעם שווּנג
ער האָט א גוטן סימען.
ער איז געווען א בראַווער יונג
און דאַרף זיך ניט באַרימען.

ר׳האָט אונטער מאָליעוו, אונטער מינסק
געשפּאַנט אַפּ אַש פון כאַטעס,
באַצאָלט דעם פיַינט, ווי ער פאַרדינט,
מיט פיַיער, מיט גראַנאַטעס.

די גרויסע שלאַכט בא מאָסקווער ווענט —
ער וועט זי ניט פאַרגעסן.
עס האָט דאָס בלוט אין אים געברענט,
ער האָט אין רו פאַרגעסן.

אונדזער שוווּע, אונדזער דראַנג,
אונדזער קענען שלאָגן
וועט דער פיַינט געדענקען לאַנג,
א צענטן דאָר פאַרזאָגן.

1943

## פון דער היים

1

אָן א גרוס, אָן א קוש
כ׳בין אוועק פון מײַן קאנט
און געלאָזט זיך צופוס
אין אָנבערעגיקן לאנד.

און אין הארצן א שײַן
אזוי ליכטיק עס בלענדט.
כ׳בין, מײַן היימלאנד, צו דיר
מיט מײַן לעבן געווענדט.

ביסט מײַן גליק און מײַן פרייד,
אוי, ווער ווייסט, אף ווי לאנג
כ׳האָב מיט דיר זיך צעשיידט,
און דער וועג איז ווי לאנג?

2

ווען געגאנגען בין איך מיטן טשערנאָוויצער טראַקט,
האָט די פיס די צעקלאפּטע די זון מיר געבאַקט.
איז געגאנגען מײַן פרוי מיט דעם קינד אף די הענט,

און אַרום האָבן דערפֿער אין סרייפֿעס דערברענט,
און מײַן קינד האָט געכאָזערט אַזוי ווי אַ ליד:
— וואַסער גיט! וואַסער גיט! גיט, גיט...

3

צי ווײַל אַ נאַכט בין איך געלעגן אויף דער נאַסער ערד?
צי ווײַל אַ גאַנצע נאַכט געוואָיעט האָט אַ ווינט?
צי ס׳גייט די וועלט קאַפּויר,
צי אַלץ איז אויסגעטראַכט
און אויסגעקלערט,
עס גייט אַ פּרוי אינמיטן פֿעלד צו קינד.
דער אוילעם מאַכנעסווײַז באַווײַזט זיך און פֿאַרשווינדט.

עס שמעקט מיט רויך,
עס טראָגט מיט פֿלאַם,
מיט שטורעם בליצט.
אַ רײַטער יאָגט אַדורך דאָס פֿערד צעהיצט,
אַן אַוטאָ פּלאַצט,
די מוטער וויינט,
עס וויינט דאָס קינד —
און עמעצער די ציין פֿאַרקריצט.

4

ווײַסרוסלאַנד, היים!
צי דאַרף איך זאָגן נאָך, ווי ביסט מיר טײַער,
דו, ערד, וואָס האָסט מײַן ערשט געשריי דערהערט?
אויף דײַנע פֿעלדער גיי איך איצט, אַ זון אַ טרײַער,
און מײַן האַרץ מיט בלוט באַגאָסן ווערט.

ווײַסרוסלאַנד, היים!
אַף די בעסאַלמענס דײַנע
רוט מײַן מאַמע און מײַן טאַטע.
ווער ווייסט, ווו קריגן וועט זײַן רו דער זון?
אַ פויגל פליט פאַרבײַ,
ער טוט אַ פלאַטער,
דאָס זעגנט ער מיט מיר זיך שטום.

ווײַסרוסלאַנד, היים!
איך קען אַפּולע טײַכן,
כ׳האָב געזען ברויזנדיקע יאַמען,
נאָר ביז מײַן אויג וועט לײַכטן,
בענקען כ׳וועל נאָך צווייען:
נאָך דיר און נאָך דער מאַמען...

1941

## איך כאַפּ זיך אויף אַמאָל באַנאַכט

איך כאַפּ זיך אויף אַמאָל באַנאַכט
און טו אַ טראַכט,
וווּ איז מײַן קאַנט?
כ׳בין ווײַט, כ׳בין ווײַט,
איך בין אין סאַמאַרקאַנד...

וווּ איז מײַן ווײַב?
וווּ איז מײַן קינד?
און ווי כ׳וואָלט פּלוצלינג ווערן בלינד,
צעשרײַען כ׳וויל זיך שטום
און עפענען די טיר...

אַלץ שלאָפט אַרום,
דער הונט רוט אויכעט נעבן מיר,
און אַפן הימל כ׳טו אַ קוק —
אַזויפיל שטערן,
כאָטש ברוקיר אַ ברוק.
אַ בלאָווע שײַן.
כ׳שלאָף ווידער אײַן...

מײַנ כאָלעמ מיט זײַנ װײכער לײמ
בויט אויס א טיר, א שװעל, א הײמ,
אונ כ׳עפנ אופ די טיר אפ גיכ —
מײַנ טײַערע באגעגנט מיכ...

1942

# צו א קינד

כ׳האָב א רעגע דיר געשענקט א קנאפּע,
נאָר געגעבן דיר א רויטן עפּל
און א גלעט געטאָן איבערן קעפּל,
רופסטו, קינד, מיך אָן שוין: „פּאפּע״.

ס׳איז דײַן טאטע ווײַט, פאר טויזנט ווערסטן,
אומקערן ער וועט זיך גאָר ניט גיך.
אפֿן פֿײַנט איז ער אוועק דאָ פון די ערשטע,
רופסטו, אייפל „פּאפּע״ מיך.

נאָר אין ווײַטן, ווו דײַן פּאָטער איז אצינדער,
ווו אין פעלדער גייט א הייסע שלאכט,
כ׳האָב א פרוי, און כ׳האָב דאָרט אויכעט קינדער,
און עס קען זײַן דאָרטן, אין א נאכט,

אונטער שײַן פון פֿײַער-בראנד,
ווו קוילן פֿײַפֿן, באָמבעס יאָגן,
דײַן פּאָטער האָט פון סוינעס האנט
מײַן קינד געראטעוועט אין הייסן האָגל.

און א גלעט געטאָן עס איבער קעפּל,
צארט האָט אָנגערופן „פאפּע״ איך מײַן קינד,
מײַן שטיפערל, דו שײנס, נעם נאָך אַן עפּל,
זאָל עס זײַן דיר צו געזונט...

1942

# איך מוז דיך זען

צי דער וויכער אזוי טרויעריק צעוויינט זיך,
בייגט די צווייַגן פון די ביימער אין דער נאכט-קעלט,
אָדער דיך דער יאָך בייגט שווער?
כ׳וועל דיך היטן, ווי אן אויג אן איינציקס,
ווי די לעצטע קויל דער קריגער אפן שלאכטפעלד,
טייַערע, וווּ ביסטו, הער!

איך בין איצטער, ווי א וואָלקן איבער וועגן,
ווי א זאנג, וואָס בענקט נאָך ערד פון וועסנע,
דו ביסט עס געווען דער ווינט,
פון וועלכן שווערער וואָלקן רעגנט,
דו ביסט עס דאָס ליכט געוועזן,
פון וועלכן וועסנע-זאנג צעגרינט.

כ׳וויל, צאָלן זאָלן בינדן זיך,
זאָלן זיך מאָלן פארבן,
פארב און צאָל — זיי וועלן מיר אצינדער זאָגן,
ווען איך וועל דיך טרעפן, ווען...
איך מוז לעבן און ניט שטארבן,
כ׳מוז, מיר זאָל א טאָג נאָך טאָגן,
ווען איך וועל דיך זען.

1943

# דאָס וואָרט

כ׳האָב געוואָלט, ווי א דערפינדונג
זאָל מײַן ליד זײַן דײַן פּאָרטראַכט,
נאָר געגאַנגען כ׳בין דורך וועגן,
ווי דורך בריק אין טיפער נאַכט,
און אַף יעדן טראָט פאַרבליבן איז מײַן צייכן רויט פאַרקריצט
דורכן ווינט פון שווערע שלאַכטן, דורכן דונער, דורכן בליץ.
און מײַן וואָרט איז דאָרט געבוירן ווילד, ווי עמעס, האַרב, ווי פּײַן,
שײַן פון וווּנדער, פרייד באַזונטע קוקט אַזוי אין טאָג אַרײַן.

1944

## מיט פרײַנט

אין הימל די שטערן — א גאָלדענער רעגן,
און נאָענט, און ווײַט וואקסט א בענקשאפט פון זיי,
אפ דר'ערד בא קיביטקעס עס זיצן אוזבעקן,
זיי רייכערן טאבעק און טרינקען טיי.

קישמיש און אוריוק אין א טעלער א גרויסן,
דאָס ווארעמע ווינטל—עס שטערט ניט די רו,
אויב ריין איז דײַן הארץ און ביסט גאָרנישט ניט אויסן,
איז זײַ זיך מעכאבעד און זעץ זיך צו.

ווי קלאָר ס'איז דער הימל, איז קלאָר מײַן געוויסן,
אָנבריגיק און בלוי איז די נאכט אפן ראנד,
אָ, ברידער, זײַט וויסן, מײַן הארץ ווערט צעריסן
פון בענקשאפט אהין נאָכן היימישן קאנט.

1943

# ס׳דערמאָנט זיך

ס׳דערמאָנט זיך א הילצערנ שטיבל,
ס׳דערמאָנענ זיך נאָענטע נעמענ,
אונ ס׳ווערט די דערמאָנונג אי ליב דיר
אי אפנ הארצנ נעמט קלעמענ.

איִנ שטיבל — א באָבע, א מאמע,
אונ ברידערלעכ, שוועסטערלעכ קליינע,
אונ נאָכדעמ די ליבע נעמט פלאמענ,
דאָס מיידל — א ווונדערלעכ שיינע.

אונ נאָכדעמ פונ וועג אונ פונוואנענ,
עס דאכט זיך, געווענ איז עס נאָרוואָס,
עס כאפנ אייַך אופעט די באנענ:
אויס זאמדנ, אויס שפּילנ זיך באָרוועס.

אונ נאָכדעמ די שטערנ — זיי הענגענ
די זעלבע אפ גאסנ אונ באָרנ,
פונ ווייַטנ די געסט קומענ שטרענגע
שוינ נאָר אפ א ווייַלע צו פאָרנ.

אצינדערט, ווענ כ׳זע נאָר א שטיבל,
כ׳דערמאָנ זיכ די נאָענטע נעמענ,
שוינ נאָר פונ דערמאָנונג פונ ליבער
עס נעמט אפנ הארצנ מיכ קלעמענ.

1944

# מיר כאָלעמט זיך ווײַסרוסלאַנד

א כאָלעם?
ס׳איז ווידער געוועג נאָר א כאָלעם,
וואָס טאָג פון די ווי̆עס פארטרײַבט?
איך קען יענע פעלדער,
איך ווייס יענע טאָלן,
אזוי ווי א מוטער נאָר ווייסט
פון איר אייפל דאָס לײַב.

היי, היי, מאשיניסטן,
נאָך ווארטן ביזוואנען?!..
שפאנט גיכער די באנען,
און לאָמיר זיך לאָזן אהין...
ס׳פארשווינדן פון פעלדער שוין דאָרט די טומאנען,
שוין לאָזן זיך פויגלען אהין קאראוואנען,
עס ווערט שוין די ערד דאָרטן גרין.

ניין, ניין, ניט קיין כאָלעם,
ס׳איז גאָרניט קיין כאָלעם,
דער רעגן, דער גאָלדענער גוס.
דאָרט בענקען די פעלדער,
דאָרט ווארטן די טאָלן,
אז קומען צו זיי כ׳זאָל מיט גרוס.

1942

## דעם רויטן קריגער

דעם זון פון מײַן שוועסטער,
מײַן שוועסטער דער טרײַסטער,
דעם קריגער דעם רויטן
אין פלאם און אין רויכן —
אף טויזנטער ווערסטן
מיט פײַער באגײַסטערט —
מײַן ווונטש און מײַן ליבע
עס זאָלן דערגרייכן.

ביסט ליב ווי מײַן זון מיר,
און כ׳וועל ניט פארגעסן,
געטייט איז מײַן אייפל
אין איינער א שכיטע.
דײַן בריוו איז מײַן טרייסט-וואָרט,
דײַן קויל און דײַן מעסער
אין ווײַ און אין צאָרן —
זײַ פלאמען צעגליטע.

זאָל פלאמען און פלאמען
דײַן הייליקע סינע,

דײַן שװערד זאָל באַפאַרבט זײַן
מיט בלוט פֿון דעם סוינע.
דו װעסט אים צעברעכן,
זײַן בלוט װעט דאָרט רינען,
און זײַן װעט דײַן זעלע
א קלאָרע, א ריינע.

און קומען אַהיים װעסט,
װי שטענדיק א צאַרטער,
װי ס'װאָלט ערשט דײַן יוגנט
נאָר װערן געבאָרן.
אַף דיר װעלן װאַרטן
דײַן מאַמע, דײַן טאַטע,
און װאַרטן דײַן לאַנד װעט
מיט אָפֿענע אָרעמס.

דעם זון פֿון מײַן שװעסטער,
דער שװעסטער דער טרײַסטער,
אין דױטע כאַיאָלעס,
אין פֿלאַם און אין רױכן —
אַף טױזנטער װערסטן
מיט פֿײַער באַגײַסטערט —
מײַן װונטש און מײַן ליבע
עס זאָלן דערגרייכן.

1944

# א מוטער קומט צו כאָלעמ

כאָטש וויג זיך, וועלט, כאָטש ברען און פּלאַץ,
דייַנ הייסע זונ אַלציינס וועט זונען,
זי דרייט דאָס שפּינדל, שפּינט דעם פלאַקס,
ווי זי האָט אים אַמאָל געשפּונען.

און דו, וואָס בענקסט נאָך פרייַנט אַצינד,
און דו, וואָס גריסט די ווייַט מיט בליצנ,
און דו, וואָס טראָגסט דאָס נייַע קינד,
און דו, וואָס גייסט דאָס לאַנד באַשיצנ,

מאַכסט נאָר די אויגנ צו, און זי,
די מאַמע קומט אַפּ צאַרטע פליגל,
און איר געשטאַלט גיט שטאָל דייַנ קני,
און איר באַפעל איז שטענדיק זיגנ...

1943

# מײַן מוטער

1

ווען אהיים האָט די פור מיך געבראַכט,
האָט די הײַזעלעך לאנג שוין געשלעפערט,
איין פײַערל האָט נאָר געוואַכט,
נאָר ניט זי האָט די טיר מיר געעפנט.

עס איז לאנגזאם געקומען דער טאָג,
און איך האָב געבלאָנדזשעט אין יישעוו,
ס'האָט שטיל מיר דער ברודער געזאָגט,
איך זאָל מיטנעמען אירן א קישן.

2

ווען די, וועלכע האָט אף דער וועלט דיך
געבראַכט,
האָט אירע טײַערע אויגן פארמאַכט —
וואָס איז דאן גלײַך צו דײַן וויי?
האָסט אין דײַן פּאָנעם איר אָנבליק געזען,
ביסט אין איר שאָטן א שמייכל געווען,
ברום ניט, מײַן ווייטעק, אזוי.

באלד וועט דער סאָד ווערן גרין,
נאָר מײַן טרויער איצט רופט מיך אהין,
צו מײַן קינדהײַטס גרין־גאָלדענעם קאנט.
דאָרט האָט זי מוטערלעך אָפט
מיך געקושט, און געטרייסט, און געשטראָפט,
און געגלעט מיט איר ווארעמער האנט.

3

קומט אָן דער פרילינג א בלויער,
דער נאכטיגאל זינגט אין די באָרן,
און אין מײַן הארץ איז א טרויער:
א טײַערן פרײַנט כ׳האָב פארלאָרן.

גיי איך אהיים, און איך וויין,
און מײַן קינד איז נאָך יונג און איז קליין,
לאכט עס מיט פריילעכער שטים,
פונוואנען א קינד זאָל פארשטיין,
עס מיינט, אז איך שפיל זיך מיט אים.

4

ס׳ארא רו ס׳איז אין פעלד און אין באָר,
ס׳טוט דער ווינט נאָר א ריר
מיט א זײַדענעם בלאט מײַנע האָר,
דוכט מיר, דו רעדסט צו מיר.

כ׳קוק ארום זיך אין פעלד און אין וואלד —
הימלען הויכע און ברייטע;

און אין דער שטילקייט איין פויגל נאָר שאלט —
אָ, איך קען דיך, ס'ביסטו דאָך, מיין ווייטעק.

5

דיין וואָרט דאָס לעצטע ניט געהערט,
האָסט פיל דאָך מיר געהאט צו זאָגן,
איך האָב געקושט די רויע ערד,
די ערד, ווו דו האָסט רו געקראָגן.

פארוואקסט די ערד מיט גראָז אצינד,
ס'וועט דורך א זומער נאָך א זומער,
און ס'וועט דער בענקענדיקער ווינט
אהער צו א בעריאָזע קומען.

דערנאָך דער בוים וועט ווערן גרויס,
און מיך אליין וועט איבערשטייגן,
און איך וועל שטיין און הערן בלויז,
ווי דו מיר זינגסט פון גרינע צווייגן.

און דאן וועל איך א נייע ליד
מיט ווערטער לויטערע און קלאָרע
דאָ זינגען וועגן דיר, וואָס בליט,
וואָס וואקסט און טוט זיך אָן מיט קאָרע.

גוטע ערד, מיין גרויסער פריינט,
ווו זי וועט זיין א בוים א הויכער,
נעם צו מיין גאנצע ליבע היינט,
ווי איך נעם צו מיין קינדס א שמייכל.

* *
*

דאָס לעבן זאָל קיינמאָל ניט דורכגיין פאַרבײַ,
האָב איך גריסן געוואָלט יעדן פרילינג אפּסנײַ,
יעדער שאָ אין איר שפּאַן, יעדער טאָג אין זײַן שווינד,
און אַלט זײַן, און גרוי זײַן, דאָך יונג ווי א קינד...

מײַן סוינע האָט שטיל (ניט געוווּסט כ׳האָב פון דעם)
מיט א שמייכל געגרייט מיר א שטאָלענעם קלעם,
ס׳האָט באַרויבט מיך דער מערדער אינמיטן דער נאַכט,
מיר אין פּאָנעם געקוקט און זיך העפקער צעלאַכט:

— דו ליבסט דאָך דעם פרילינג, אין דרויסן איז מײַ,
גיי אַרויס און באַגריס אים אַפסנײַ און אַפסנײַ...
כ׳האָב דעם פרילינג געגריסט אַי מיט בלוט אַי מיט שווערד,
כ׳האָב געשלאָגן דעם פײַנט, און געקושט כ׳האָב די ערד...

1945

# בּסורעס

אָט אײַל איך, אָט לויף איך, אָט יאָג איך, אָט פֿלי איך,
עס שווינדן די גאַסן אין רוישיקע שורעס,
איך דאַרף דאָ באַגעגענען אַ גוטן שאָליעך
מיט וווּנדערלעך־זעלטענע ליכטיקע בּסורעס...

ווּ איז דער שאָליעך, ווּ איז דער געגאַרטעטער?
דער טאָג בײַט אָפּ נאַכט זיך, די נאַכט אָפּ באַגינען.
איך קען דאָך נישט אַנדערש, איך דאַרף זיך דערוואַרטן,
איך מוז דאָך די בּסורע די גוטע געפֿינען.

בּאַ מיר אין דער היים איצט די טײַכן שוין יאָגן,
אין צוויט טוען אָן זיך די קוסטעס און ביימער...
בּלויז צוליב דעם כ׳טו דעם קאָפּ מײַנעם טראָגן,
דעם קאָפּ, וואָס מיט פֿריילינג איז פֿול און מיט טרוימען...

1943

# אדהײַעם

פֿון װוּנדערלאַנד טרוימען נאָך קען איך,
אין האַרצן אַ פֿײַפֿעלע שפּילט נאָך ביז הײַנט —
נאָר טרוימען אַף װאָר זײַנען קײנמאָל ניט ענלעך,
און לאָמיר עס גאָרניט באַדױערן, פֿרײַנט.

אַבי נאָר דאָס קװעלעכל זאָל אין אונדז זשומען,
אַבי נאָר ס'זאָל בלײַבן דער ייִנגלשער ברען,
די אַלטקײַט, אױב זי װעט באַגעגענען אונדז קומען,
איז װעט זי צעגײן דאַן, װי שנײ אונטער ברעם.

און כאָטש אײנעם זילבער די פֿרײד צו דערפֿילן,
איז טרױעריק עטװאָס, נאָר דאָך איז עס שײן,
אַבי נאָר דאָס קװעלעכל זאָל אין אונדז שפּילן,
דאָס פֿײַפֿל זאָל קװעלן, דאָס לעבן זאָל גײן...

1945

## צוועלף אזייגער

אין אָט דער רעגע, וואָס קומט פֿאָר?
איך ווער עלטער אפֿ א יאָר,
און גאָר...
און גראָד בין איך אין שטוב אליין,
נאָר טרויערן איז איצט ניט שיין,
ניט פֿײַן.
און איך גיס אָן א גלאָז מיט ווײַן.
מיט וועמען זאָל איך טרינקען,
אז כ׳בין אליין אין שטוב?
פאר וועמען זאָל איך זינגען,
אז כ׳בין אליין אין שטוב?
און איך גיס אָן א צווייטע גלאָז,
און נעם זיי ביידע אין די הענט,
איך האָב אזויפֿיל פֿרײַנט
אהינטער אָט די ווענט.
— לעכאַים, פֿרײַנט,
לעכאַים!
לאָמיר טרינקען הײַנט
און זינגען פֿארן נײַ־יאָר.
דו הערסט אין ווײַט די יונגע טריט?

און דו פֿאַרמאָגסט אַ נײַע ליד?
און ס'איז דאָך מונטער דײַן געמיט —
איז טרינק מיט מיר,
איז זינג מיט מיר,
און אין דער רעגע איך דערהער
אַ קלאַפּ אין טיר.
אַ פֿרײַנט —
אַ פֿרייד...
קום, ברודער, קום אַרײַן,
דײַן קאָס איז גרייט...

## צו מײַן ליבער

### א

אפילו נאָענטע און פרײַנט מיר זײַנען ליב און טײַער,
עס פרייט מיך זייער פרייד, מיך ווייטעקט זייער צאר,
נאָר דיך איך היט, ווי ס'האָט דער ערשטער מענטש
גערהיט דאָס פײַער,
און שטארק בין איך דערפאר, און יונג בין איך דערפאר.

### ב

איך פיל, מיר ווערן ביידע עלטער,
נאָר אונדזער יוגנט מיט איר שווונג
ווערט אין מײַן ליד פארבלײַבן יונג —
ס'וועט אונדזער יוגנט ניט פארוועלקן.
און שטענדיק כ'וועל די רעגע בענטשן —
יענעם שמייכל, יענעם קלאָרן,
ווען ביידע מיר — צוויי ווײַטע מענטשן —
זײַנען אייגענע געוואָרן.

## ג

מײַן נויי איז אָן דיר, ווי א ווינט איבער וועגן,
מײַן פרייד איז אָן דיר, ווי א זון אָן א רעגן...

זון פון מײַן בענקשאפט, ווינט פון מײַן אומרו,
פרייד פון מײַן שמייכל, ליכט פון מײַן זומער...

מײַן אומרו א פרײַנט זײַ, מײַן בענקשאפט — א שותּף,
מײַן פעסטקײַט — א קינד, און מײַן צארטקײַט — א מוטער...

# אייגנס

1

ס׳גייט אפּ דאָרעם אָפּ דער צוג,
א צווייטער קלונג, א ווײַסלעכ רויכל;
אלצ האָב איכ אינ וועג געגוג,
פונ אלצ נאָר נעמ איכ מיט דײַנ שמייכל.

באלד וועט דער לאָקאָמאָטיוו
אינ לופטנ שיקנ ווײַסע גרוסנ;
ווארטנ נאָכדעמ וועסט אפּ בריוו
אונ מײַנ זונ בײַנ שיינעמ קושנ.

ס׳קלינגט מיט יוגנט איצט מײַנ קאָל,
צו דרײַסיק איז מיר קנאפּ פארבליבנ;
נאָר וואָס איכ קריג שוינ ליב אמאָל —
כ׳האָב ליב אונ וועל א לעבנ ליבנ...

2

ס׳האָט דער באנ געריירט זיכ באלד,
איר אָפּשייד-בליק האָט שטיל באגלייט מיכ,

נאָכדעם איז געקומען וואַלד,
און נאָכן וואַלד א שטאָט א צווייטע.

אין הימל האָט די זון געברענט,
עס האָט א דינער שטויב געפלאַטערט,
און מײַן קינד אף דײַנע הענט
האָב איך געהערט אַלץ רופן „טאַטע".

ס'האָט געזונגען גאָר דער ווינט,
דער זומער-ווינט פון פעלד פון רײַנעם:
ס'האָבן גראָזן גאָר געגרינט,
און שטיל האָבן געדרעמלט ביימער.

3

ס'איז ציטעריק דער ערשטער טראָט,
ס'איז סוידעספּול דאָס וואָרט דאָס ערשטע;
נאָכדעם ציט אף וועלטס בּאַראָט,
און היימלעך ווערן דיר די ווערסטן.

נאָכדעם גיכער פונעם קלאַנג
נאָך וועג א וועג — ניט אויסצומעסטן...
נאָר אין סאַמע שנעלסטן גאַנג
דערמאָנען מיר א פרײַנט, א שוועסטער.

אַן אַלטע שטוב, א סאָסנע-טיר,
א לײַכטנדיקע, פריִע וועסנע...
דיך, מײַן לאַנד, געדענקען מיר,
ס'איז אומעגלעך דײַן ליכט פאַרגעסן.

4

זאָל ליכטיק זײַן אונדז אין די נעכט,
און אונדזער זון זאָל אייביק טאָגן!
בלויז דו, מײַן לאנד, דו האָסט דאָס רעכט
דעם נאָמען מוטער-לאנד צו טראָגן.

האָסט שוין דעם נאָמען דאן כאַרדינט,
ווען אינעם פלאַם מיט טיפן גלויבן
האָסטו געטרוימט, אז דײַנע זין
זאָלן באַרימט זײַן און דערהויבן.

מיט בראָכע איז געוועזן דײַן ברויט,
לאנד מײַנס — פינפעקיקער שטערן!
דײַנע זין — געזונט און ברייט —
זיי קומען הײַנט דײַן רום פאַרמערן.

5

און ס'האָט געזונגען מיר דער ווינט,
די שטאָלענע, די פלינקע רעדער —
זיי האָבן זיך געדרייט געשווינד
און דורכגעטראָגן וועלדער, סעדער.

אין די וועלדער האָט געגרינט,
אין פעלדער האָט געצײַטיקט קאָרן;
און ס'האָט געזונגען מיר דער ווינט
און אָנגעזאָגט, אז ס'איז שוין דאָרעם.

די זון איז אין וואגאָן אריַין
א גאָלדענע, אן אָנגעגליטע,
ווי יוגנט-פרייד איר העלע שיַין
האָט אופגעוועקט אין מיר די לידער.

דו גריסט מיט פרייד אצינד מיַין קינד,
און ברענסט און שיַינסט און ווערסט ניט עלטער...
און ס'האָט געטראָגן זיך געשווינד
דער צוג דורך טאָלן און דורך פעלדער.

6

באַם וויַיטן ראַנד — א בלויער רויך,
דאָרט גיסן אופ זיך יאַם און הימל,
באַם ברעג די פעלדזן שטייען הויך,
און זעגל-שיפלעך רויִק שווימען.

דער יאַם פארגייט אין בלויען רויך,
מיַין זעגל-שיפ די ווינטן בלאָזן;
מיַין פריַינט, מיט מיר ביסטו איצט אויך,
אין יאַם אָן פריַינט ווער קען זיך לאָזן.

דער יאַם איז וויַיט, דער פעלדז איז הויך,
און איבער אונדז — די זון אין פלאַמען;
מיַין פריַינט — מיט מיר ביסטו איצט אויך,
אָן פריַינט, ווי לאָזט מען זיך אין יאַמען?

* *
*

מע זאָגט,
אַז אַש ווערט ערד
פֿון ערשטן בעסטן רעגן...
און וואַרפֿ אין דעם אַ זוימ,
קען אויסוואַקסן אַ זאַנג,
קען אופשטײַגן אַ בוימ,
קען אופגיין אַ געזאַנג...
ס'איז עמעס, וואָס מע זאָגט!
איך זע: פאַר קינדערס-וועגן
עס קומט דער בעסטער רעגן.

1945

* *
*

מיט וואָס האָט מיך די ערד געבונדן,
וואָס ליבן ליב איך זי אַזוי ביז בלוט?
מיט אײַנגעקריצטע טיפֿע ווונדן,
וואָס פֿאַרגעדענקען זיך, אָ, זייער גוט?

זאָל וועמען גרינגע פֿרייד געהערן,
און מיר איז טײַער ווי די פֿרייד,
פֿון פּיס פֿאַרבלוטיקטע די טראָפּנס
בײַ דעם, וואָס גייט
און גייט,
און גייט...

1944

# דאָס קאָל

ווען אָנהייבן וואָלט זיך די וועלט מיט מיר אליין,
איך וואָלט געגלייבט, מיט מיר וועט זי זיך ענדיקן.
נאָר כ'הער א קאָל
פון אייביקן,
פון שטענדיקן,
וואָס רײַסט זיך דורך
פון מירמל-שטיין.

מיט אויסיִעס אויסגעקריצטע טיף
פון היִעראָגליפן-ברעט
צו מיר דאָס קאָל עס רעדט;
מיט קלינגענדיקער פרײַער פרייד
פון פילפלאמיקער ווײַט
צו מיר דאָס קאָל עס שרײַט.
און רופט מײַן שטאָלץ,
און מאָנט מײַן מוט,
און שטילט מײַן טײַנע:
— דײַן אייגן בלוט,
דײַן ווי דײַן אייגענער —
זיי זײַנען ניט נאָר דײַנע.

איִן דווירעסדיקן גאנג
מײַן אויג דערזעט זיי,
מיט דונער פון געזאנג
מײַן אויער הערט זיי,
און כ'טו א קוק מיט יונגן דראנג
מיט טויזנט אויגן,
טויזנט הערצער...
און מונטער איך פארציִ א ליד,
מיט פראָסט און ווינט
כ'מעסט ווײַטער מײַנע טריט,
דער וועג איז ברייט,
איין מענטשן קען מען מאכן בלינד,
איין הארץ נאָך — קען מען מאכן טויט,
נאָר טויזנט הערצער — קיינמאָל ניט...

1945

# איר אָנדענק

1

אויב דו ווילסט מײַנ טרויער הײלנ,
זײַנ ווילסט מיר א טרײַער פרײַנט,
בעט ניט, איכ זאָל דיר דערצײלנ,
ווי ס'האָט יענערס בליק געשײַנט.

אויב דו ווילסט ניט, ס'זאָל נאָכ טריבער
ציטערנ אינ ברוסט מײַנ קאָל,
דו ניט פרעג מיכ פונ דער ליבע,
וועלכע איז געווענ אמאָל.

איכ בינ גרײט מיט אלע כושים
היטנ דיכ אפ שריט אונ טריט,
נאָר פארגעסנ יענע קושנ,
טײַערע, דאָס קענ איכ ניט.

2

ניט באשערט געווענ איז, קאָנטיק,
איר דעמ פײַנט זענ אײַנגעבראָכנ;
זאָל מײַנ לעבנ זײַנ איר אָנדענק,
זאָל מײַנ ליד זײַנ איר ניצאָכנ...

3

ווי דעם שווערן פּלאַסט פֿון שטיינקויל,
כ'האָק די טעג: זאָל ווערן ליכטיק;
ס'איז אַזוי דעם לעבנס ריכטונג:
נאָר נאָך לעבעדיקע בענקען.

כ'וועל דעם פֿײַנט איר טויט ניט שענקען,
כ'וועל דעם סוינע ניט פֿאַרגעסן.
נאָר אין בלוטיקע מעסלעסן
כ'מוז נאָך פֿרייד און יאָמער בענקען.

איך וועל גרויסן צאַר געדענקען
און וועל קריצן אים אין לידער;
נאָר דאָס לעבן האָט אַ מידע:
בלויז נאָך פֿרייד און יאָמער בענקען...

4

אויף די אָפּגעבערענטע שליאַכן
וועט אַ פֿרילינג זײַן אַ נײַער,
זי וועט העלפֿן מיר דערוואַכן,
פֿון מײַן טרויער זיך באַפֿרײַען.

1944

# זאָל דיר זינגענ יאנוואר

ס׳האָט נעכטנ א שניי, ווי אווארעמער דרימל,
א כאָלעמ א ווײַסנ געוויי̆ט אונ געווייט,
אונ הײַנט איז א בלויער אונ הויכער דער הימל,
אונ די ערד, ווי דער הימל, איז ווײַט אונ איז ברייט.

הײַנט דרעמלענ די פעלדער אינ שנייענ בארוטע,
די שנייי̆קע רו איבער ראנדנ פארגייט,
ס׳דערקענט הײַנט מײַנ קינד אפ דער האנט פונ דער מוטער
די ערשטע, די ווײַסע, די ערדישע פרייד.

ס׳איז יאנוואר אינ מײַנ לאנד, גייט מענ פעסטער פארצויגנ,
ס׳איז יאנוואר אינ מײַנ לאנד, שטעלט מענ גיכער דעמ שפאנ;
שטעלט מענ גיכער דעמ שפאנ, ברענענ טיפער די אויגנ.
הײַנט דרעמלט מײַנ קינד בא מײַנ פרוי אפ דער האנט.

אינ א ווינטער אזא איז זײַנ טאטע געבאָרנ,
אונ ס׳האָבנ די באָרנ געגרידעט אימ מיט ווינט,
אונ איבער די כאטקעס אינ פעלדער פארלאָרנ
האָט עלנט דער וויכער געוויינט ווי א קינד.

און איבער די פּעלדער אין שנייען פאַרווייטע
די סאָסנע די איינזאַמע האָט נאָר געהערט,
ווי ס'האָבן געקלונגען די פּראָסטיקע קייטן,
ווי שטום ס'האָבן העלדזער געשאָלטן די ערד.

נאָר אין גאַס איז יאַנוואַר איצט, אַף יעטווידן מויער
אַף פרײדיקע פּאָנען א טראָפּן פון קרעפּ.
דאָט פרײדיקע לאַנד און די פרײדיקע בויער
דערמאָנען די קעמפער, וואָס האָבן געלעבט,

וואָס זײַנען אין פראָסט און אין גליקע וויוגעס
געפאַלן אין פעלדער פאַרשאָטן מיט שניי,
אַז אופגיין זאָל ווען-עס-איז הויך אונדזער יוגנט,
ווי געוואָלט האָבן זיי, ווי געטרוימט האָבן זיי.

דו ביסט, מײַן קינד, פון די ייִנגסטע נאָך ייִנגער,
דיר איז אינגאַנצן דער ערשטער מעסלעס.
דײַן הייסער, דײַן ערשטער, דײַן ליכטיקסטער הונגער
אין דרעמל לײַכט אוף זיך, לײַכט אוף און פאַרלעשט...

מײַן קינד, עס וועט יאָרן א צענדליק ניט ווערן,
ליו-ליו, מײַן קינד, דו וועסט אויסוואַקסן גרויס,
וועסטו פון שלאַכטן פון גרויסע דערהערן,
וועסטו אליין אין די שלאַכטן ארויס.

— — — — — — — — — — — — —

יאַנוואַר, ווי א פּראָסטיקע העלע דערמאָנונג,
זאָל דיר א מונטערן זינגען דער ווינט,
דיך היטן די פרײַנט, דו קענסט ניט די סאָנים,
ליו-ליו, מײַן אייפּעלע, ליו-ליו, מײַן קינד.

# ווי איך לייג אײַן שלאָפֿן מײַן זון

צוויטן וואַרעמע אין דרויסן שיט דער הימל,
אַזאַ קלאָרער פרילינג שפּרייט זיך אַף דער ערד.
שלאָף, מײַן קינד, איך היט איצט אָפּ דײַן דרימל,
ס'שטייט מײַן לאַנד איצט בײַ דײַן וויגעלע פאַרקלערט.

כ'זע, אַ פלינקער לאָשעק, פֿון דעם ווינט פאַרשײַטער,
איבער בערג און טאָלן יאָגט און יאָגט אָן רו;
ס'בענקט זײַן רוקן נאָך אַ נײַעם רײַטער,
און דער דרייסטער רײַטער — דאָס, מײַן זון, ביסטו.

און איך זע די ווערסטן הינטער דיר שוין לויפֿן,
כ'זע די סלופּעס יאָגן, און עס זינגט מײַן ליד.
שלאָף, מײַן קינד, פאַרמאַך די אייגעלעך, מײַן אייפּל,
כ'בין מעקאַנע דיר, נאָר דיר — מער קיינעם ניט.

## צוויי וויגלידער

1

ווי די ציגעלעך,
ווי די בעקעלעך,
וואקסן ברעקעלעך,
אין די וויגעלעך.
וואקסן שרײַערלעך,
שיינע קלינגערלעך.
וואקסן טײַערע
פֿײַנע ייִנגעלעך.

פֿײַנע ייִנגעלעך!
שיינע מיידעלעך!
צו אײַך נאָר זינג איך דאָ...
צו אײַך נאָר רייד איך דאָ...
קינד, מײַן פֿייגעלע,
קינד, מײַן בעבעלע,
שליס די אייגעלעך,
כ׳שטיי דערנעבן דאָ.

2

איך וועל האלטן מײַנע אויגן אָפֿן,
קינד, די אייגעלעך פֿארמאך.
קליינע קינדער וואקסן, ווען זיי שלאָפֿן,
גרויסע — ווען זיי זײַנען וואך...
ליוליע, ליוליע, ליולינקע,
שלאָף, מײַן קינד, אפּולינקע,
שלאָף, מײַן קינד, א סאך,
איך זיץ לעם דיר און וואך...

* *
*

באנאכט אינ כאָלעמ קער איכ אומ זיכ צו מײַנ היימ,
נאָר איכ דערוויש דאָרט קאלטנ זאמד אונ קופּעס ליימ.
איכ בלאָנדזע אומ אונ ווער פֿונ בענקשאפֿט שיקער-ווילד...
אונ אָט אינ רויִקײַט, אינ שטילקײַט אײַנגעהילט
באווײַזט זיכ מיטאמאָל א שויב, א שוועל, א דאכ, א טיר,
אונ פֿרײַנט פֿארברענגענ פֿריילעכ בא א בוטל ביר...
— טרינקט לעבעדיק, ביז ס׳טרינקט זיכ, אונ אויב ס׳לאכט זיכ —
לאכט!
עס ווארט אפֿ אונדז נאָכ, ברידער, ניט איינ בייזע שלאכט.
איכ כאפּ זיכ אופֿ: ס׳איז נאכט, קיינ פֿרײַנט באמ טיש ניט זיצט...
כ׳האָב ערשט מיט זיי פֿארבראכט, אונ ווּ זײַנענ זיי איצט?..
אפֿ טויזנט ווערסטנ ווײַט, מיט שארפֿנ שטאָל צעגליט,
אונ ווער עס לעבט אונ שטרײַט, אונ ווער עס לעבט שוינ ניט...
די וועלט וועט זײַנ א וועלט, די זונ ווי פֿריִער זונט,
נאָר לאנג וועט אינ מײַנ הארצ פֿארבלײַבנ פֿריש די ווּנד...

1945

## שיין איז דאָס לעבן

שיין איז דאָס לעבן צו אכצן יאָר,
די ערד איז א קוואל, און די וועג איז אָן ריגלען,
דער הימל איז ברייט, און די ברייטקייט איז קלאָר,
און ס׳פעלן דיר איינס נאָר — צוויי פליגלען.

שטארק איז דאָס לעבן צו דרייסיק יאָר,
עס רייפן די סעדער אין גאָלדענעם פלאטער,
דו גייסט, און דו שטייגסט, און דו זינגסט מיט דיין דאָר,
און צארט זאָגט דיין אייפל דיר: „טאטע".

ברייט איז דאָס לעבן צו פופציק יאָר,
פון פעלדער געבראכט שוין די גאָלדענע זאנגען;
און ס׳וויגט דיך און ס׳וועקט דיך דער זוניקער כאָר,
פון דעם וואָס געווען און פארגאנגען.

דער וועג איז געענדיקט צו זיבעציק יאָר,
און ס׳קלייבן כאווערים און פריינט זיך צוזאמען,

מיט הערצער מיט יונגע, מיט זילבערנע האָר,
דערמאָנענ אינ שטורעמ, אינ פלאמענ.

אונ דערווײַל ווערט דעמ אייניקל אכצנ יאָר,
אונ ווידער די זוניקע ערד איז אָנ ריגלענ,
אונ ווידער דער הימל איז ברייט אונ איז קלאָר:
דאָס אייניקל בענקט שוינ נאָכ פליגלענ.

* *
*

מיט וואָס איז עס דער פרילינג אזוי שיין,
וואָס בענקענ בענקט מענ נאָר נאָכ אים אליינ?
דער זומער טוט דאָכ אָנ אינ גאָלד דעמ טאָל,
די ווײַט שענקט דאָכ דער ליד איר ווידערקאָל,
עס ווערט דאָכ דײַנ געליבטע דיר א פרוי,
פאַרוואָס זשע איז דער פרילינג ליב אזוי?
ווײַל יעדנס טרוימ באפליגלט ער אליינ,
ווײַל זײַנע הימלענ זײַנענ בלוי אונ ריינ,
ווײַל אינ ווײַטע וועגנ לערנט ער אונדז גייִנ,
אָט פאַרוואָס עס איז דער פרילינג שיינ.

## זומער

אהיים פֿון היץ יאָגט דער טאבון,
דיביימער כאָלעמען אין זון.

אפֿ גאָלדן שטענגל פֿול מיט דאנק
זיך בייגט פֿון זון דער פֿולער זאנג.

פֿון זון צום צווייַגל, מיד און זאט,
זיך טוליעט צארט די שטילע בלאט...

פֿון לאסט, פֿון זון, פֿון פֿרייד און ווײ,
בייג דו, מײַן קאָפּ, זיך אויך אזוי...

און זאָג — א טרער פֿון פֿולער שײַן
איז איצט געַנוג, זאָלסט גליקלעך זײַן...

# הארבסט

געקומען איז דער הארבסט — אן אָפּגעקעלבטע קו
מיט פולע מעלקלעכ פרייד, מיט פולע שפּײַכלערס רו.

ווי די הערנער — צווײַגנ אונטער שווערנ האָב
בייגנ צו דער ערד זיכ נידעריק אראָפּ.

ס׳איז דער הארבסט אינ פעלדער, דאָרטנ מיט זײַנ שײַנ
ווערט ער אײַנגעשיקערט, אונ ער שיקערט אײַנ.

ס׳איז אינ סאָד זײַנ סימכע — ער שפּרייט דאָרט אויס א דיל
מיט א רויטנ יאָמטעוו: — קינדער, טוט א שפּיל.

אויב נאָר גאָלד פונ שניט-צײַט איז דעמ זומערס וויי —
זאָל מײַנ הייסע יוגנט אויכ פארגיינ אזוי.

## מיטן פראָסט

אוי, א גאזלענ דער ווינט,
גיט ער יאָגט, נאָר ער דרייט,
דרייט דיביימער צונויפ אינ א בויגנ,
הייבט דעמ שניי פונ דער ערד
אונ פארשיט, אונ פארווייט,
אונ פארשנייט יעדער וועג פאר די אויגנ.

כ׳וועל ארויס אפנ גאס,
כ׳וועל אינ פעלדער אוועק,
וועט ער גיינ מיכ באגלייטנ א פלינקער;
אונ אזוי איבער טאָל,
אונ אזוי איבער בערג,
מיטנ פראָסט,
מיטנ שניי וועל איכ זינגענ...

וועט אנטקעגנ מײַנ פרוי
מיר ארויס אינ זאוויי,
וועל איכ זאָגנ איר: — טײַערע!
טײַערע!

כ׳האָב שוינ געוווּסט אי פונ פרייד אי פונ וויי,
זײַ מיר א פונק צווישנ טויזנטער פײַערנ,
זײַ מיר א טרייסט,
וועל איכ זינגענ אזוי...

1944

# אין קאָלווירט

באנאכט האָט א רעגן געגאָסן,
פֿאַרטאָג האָבן לידער געבלאָנקעט.
ס'איז אָוונט. מיט זילבערנע קאָסעס
קאָלווירטניקעס גייען פֿון לאָנקע.

די ראַנדן פֿון הימלען פֿון הויכע
אין טונקעלע וועלדער פֿאַרגייען,
פֿון טראַקטאָר קיין דין-דינינק רויכל —
עס וויל ניט דאָס הינטל צעווייען.

שוין גרייט זייַנען שפּײַכלערס סאָסנאָווע
און זעק אַף צו שיטן די טוווע,
דאָס יונגוואַרג וויל הוליען אַן אָוונט,
די עלטערע קלײַבן זיך רוען.

דאָס יונגוואַרג — אַף פּלייצעס אַ רימען,
און אַף אַ האַרמאָשקע די פֿינגער,
דעם אָוונט אין פֿריידיקע שטימען
פֿאַרהוידען, פֿאַרוויגן, פֿאַרזינגען.

די עלטערע זיצן געלאסן,
זיי רוען פון מי אויס די ביינער,
זיי ווערטלען זיך, אָדער זיי שפּאַסן
און קוקן און דרימלען איינעינעם...

זיי הערן דעם רויש פון די פעלדער,
די טענץ, די האַרמאָניק, די לידער;
און ס׳דוכט זיך — ווי ווערט מען דאָ עלטער,
ווען זומער קומט ווידער און ווידער?

# מײַן שטערן

געבוירן כ'בין אונטער א מאזלדיקן שטערן,
א שטערן, וואָס געוווינען האָט א לאנד אין קריג;
באַ אָט דעם לאנד וויל איך א גרויסער זינגער ווערן,
ווײַל דער שטערן לויכט צו מיר אין ליד.

כ'האָב אין קינדהײַט ניט געגלייבט, אז כ'לעב,
און אין דער יוגנט גלייב איך ניט, אז איך וועל שטארבן;
עס איז אומעגלעך זיך צעשיידן מיט דער ערד,
וואָס האָט אזוינע וווּנדערלעכע פארבן...

## 21 יאַנוואַר [1]

אַ ליד צו אָנהייבן איז אויך דאָך שווער,
און ניט איין קלאַנג קומט אויס דיר צו פֿאַרמעקן,
ביז פּלוצלינג דײַן פֿאַראַקשנטער באַגער —
ער טוט אַ קוק אויף דיר ווי אַן אַנטדעקונג.

אַ ברונעם אויסגראָבן איז שווערער פֿיל,
נאָך שווערער לאָזן שיפֿן אויף די טײַכן;
נאָר דאָס איז אַלץ דאָך נאָר אַ קינדער-שפּיל,
ווען מיט אַ וועלט דו פּרוּווסט עס צו פֿאַרגלײַכן.

און ער איז אָנהייבן אַרויס אַ וועלט
און זיך געשטעלט דער ערשטער בײַ איר וויגל,
אַז ס׳זאָל דער גאַנג דער ריינסטער ווערן אײַנגעשטעלט,
איז ער געגאַנגען קעגן פֿײַנט מיט קריגן.

צו קינדס-קינדער זײַן נאָמען וועט דערגיין,
זײַן גרויסער טאַט וועט קלינגען ווי אַ וווּנדער,
נאָר מיר איז דאָך באַשערט געווען אַליין
צו זײַן אַ קינד אין זײַן געדערכטיקן יאָרהונדערט.

---

1 דער טאָג פֿון לענינס טויט.

א וועלט צו אָנהייבן — דאָס הייסט פון אש און ברוך,
פון טויזנט פרעמדע שטאַמען זיך באַפרײַען,
און דאָס האָט ער געטאָן ניט מיט קיין שפרוך,
מיט האַרץ מיט לויטערסטן אין ווינט און פײַער.

איצט זינג איך, און אין דרויסן איז יאַנוואַר,
ס'איז רײַף די וועלט, וואָס ער האָט אויסגעפורעמט,
און ס'האָט זי דורכגעפירט דורך גרויזאַמסטן געפאַר
דער, וואָס מיט אים איז דורכגעגאַן דורך שטורעמס.

# סטאלינס שוועּ

ס'האָט דאַן
א פּראָסטיקער טרויער
געדריקט ווי א שטיין אונדזער ערד;
ס'איז געלעגן דאַן לעניןַ אין אָרן;
און דאַן האָט דאָס ריזיקע היימלאַנד
א שטאָלענע שוועּ דערהערט.
דאָס האָט סטאַלין
געשוואָרן.

אויב ס'טרויערט אזוי וועגן א לאַנד,
טרעפט עס
איין מאָל
אין טויזנטער יאָרן.
דעם טרויער נעם אָן מיט דער האַנט.
און דאַן
האָט סטאַלין
געשוואָרן.

געוואַרט האָט מיין לאַנד אויף א רוף,
וואָס זאָל ווייטער עס פירן דורך יאָרן;

און דאַן האָט צעטרייסלט די לופט
א שווּע —
ס'האָט סטאַלין געשוואָרן.
און דאַן
איז פון לאַנד מיטאַמאָל
דער שאָטן —
פון טויט
ניט געוואָרן.
דערהערט האָט דאָס לאַנד לעניגס קאָל —
באַם קרעמל
האָט סטאַלין
געשוואָרן.

## שווײַגט מען א מינוט

ווײַסקײַט פון די שטערן,
בלויקײַט פון דער נאכט
פירן צווישן זיך
א ציטעריקע שלאכט.

שטאמען אפ די וואָרצלען,
פויגלען אפן שטאם
דרעמלען אונטער זייער
ציטעריקן פלאם.

אין דער רו דער ברייטער
שטרענג און אופגעהעלט
קומט אָן א לעווײַע
שטום אינמיטן פעלד.

אין די הויכע הימלען
הייבט זיך אופ די בלוי;
אפ די גרויע סוויטקעס
פאלט א ווייכער טוי.

אפ דעם שטאָל פון ביקסן
אזא שטרענגע שײַנ,
ס׳איז א יונג געפאלנ,
ברענט דאָס הארצ פאר פּײַנ.

בײגט מענ שטיל די קעפּ אָנ,
טוט מענ זאמד א שאָט.
נאָכנ לעצטנ רידל
שווײַגט מענ א מינוט.

היימישע כאלופּעס,
ס׳וועט נאָכ גוט זײַנ, ווײל.
פּארטיזאנער טראָגנ
קעגנ פּײַנט א קויל.

# זאָרינס פּאַרטיזאַנער

(פון א פּאָעמע)

1

שפּיל, האַרמאָניק, א הוליאַנקע,
ס'האָט א מאַכנע זיבן טאַנקען
דאָ געלאָזן מיטן פייַער,
דאָס איז ערשט נאָך א צושטייַער...

שפּיל, האַרמאָניק, זאָל מען הערן,
ס'האָט א מאַכנע צו די שטערן
אָפּגעשיקט הייַנט זיבן בריקן,
ווייַטער וועט מען מערער שיקן.

שפּיל, האַרמאָניק, ערד זאָל שטויבן,
זאָלן פּיס די יונגע הייבן,
טאַנקען ברענען, פונקען שפּריצן,
מיר האָבן א באַן מיט פּריצן

אין גאַנײדן צוגעשטעלט הייַנט.
לאַכן יונגען, קוועלן וועלדער,

שפּיל, האַרמאָניק, ס׳קלינגט דער צאָרן,
ס׳קלינגען אין די נעכט די באָרן...

2

טאָג און נאַכט נאָר וועגן, וועגן,
שוין אָן שלאָף, אָן רו פאַרגעסן,
שוין די לעצטע גרינע בלעטער
פון די ביימער אופגעגעסן.

מיטאַמאָל — א קלאָג פון מאַמעס,
ס׳איז א זומפּ אין וועג — א צאָרע,
וואָס זשע טוען פּאַרטיזאַנער?
וואָס זשע טראַכט איצט שאָלעם זאָרין?

3

איצט איז שפּעט א בריק צו בויען,
ס׳רוישט דער וואַלד שוין, ס׳רוישט און קלינגט,
נאָר די קינדער און די פרויען
מוז ער ראַטן אומבאַדינגט.

נאָר ער מוז די מאַכנע ראַטן,
אַלע וואַרטן זײַן באַפעל,
פּלוצלינג הייסט ער: פּופּצן ברעטער
זאָלן ווערן גרייט די שטעל.

ער קלײַבט אָפּעט דרײַסיק יונגען,
הויך ווי סאָסנע, שטאַרק ווי שטיין,

אָנטאָן הייסט ברעזענט-קאָסטיומען,
און אין זומפּ באפּעלט ער גיין.

4

אוי, דו וואסער, וואסער-כליופּקע,
צי זיך, צי, גאָר ניט פּארצי;
אוי, דאָס קלעפּיק וואסער-כליופּקע
איז דערווייַל נאָך ביז די קני.

אין די זומער-נעכט, אָ, וואסער,
קלינגט די לופט פון דיר דאָך הויך;
אוי, דאָס וואסער, קויטיק וואסער,
עס דערגייט שוין ביזן בויך.

אוי, דו וואסער, קלעפּיק וואסער,
קיינער בענקט ניט נאָך דייַן דעק,
איבער יונגען אפּן וואסער
הענגט א בריק צו יענעם ברעג...

5

הוידע, בריק, זיך, הוידע, בריק,
זאָרין איז א זון פון קריג,
זאָרין איז צום סוינע הארט,
זאָרין איז צו קינדער צארט.

ס'וועלן זייַן נאָך גוטע טעג,
אָט איז שוין אויך די זייַט ברעג,

ס׳וועט נאָך קומען גליק אין לאַנד,
טראָגט ער קינדער אַף דער האַנט.

אַף דער פּלייצע טראָגט ער אויך,
שלאַנק איז ער, געזונט און הויך,
זאָרגן איז א זון פון קריג,
הוידע, בריק, ניך, הוידע, בריק.

6

שרעק, אוועק ווי א טומאַן
און ווער ניט געבאָרן מער,
זיבן הונדערט פּופּציק מאַן
אין אָטריאַד בא זאָרינען.

און ס׳איז יעדערער פון זיי
טײַער אים און טײַערער,
און פון יעדנס, יעדנס ווײ
טוט דאָס האַרץ אים פײַערן.

טו א קוק אין יעדנס בליק,
טויזנט בליקן פלאַטערן.
ווער זשע וועט זיי ברענגען גליק,
ווער זשע וועט זיי ראַטעווען?..

7

גוטער כאַוועך, פערד בולאַנער,
פלינקער פון א פויגל פלי!..
זאָרינ פירט די פּאַרטיזאַנער
דורכ דער נאַכט און אינדערפרי.

מאָסקווע רעדט: — רייַסט אופ די בריקנ! —
מאָסקווע, העלע, אייביק גרינ.
מאָסקווע שטאָט וועט באַלד אונדז שיקנ
אויסלייזער — געטרייַע זינ.

אָט א דאָרפ, א גאַרניזאָנ דאָ,
ס'טוט א יונג א פייַפ מיט פרייד,
ס'טוט אינ לופט א ברומ א באָמבע,
סימכע, איימע, גלוט און טויט.

מאָסקווע ברענגט די גרויסע פריַענ,
מאָסקווע יעדנס ווונטש באַהאַלט.
דער פּילאָט נעמט דאָרטנ פליַענ,
פרייט זיכ דאָ דער טיפער וואַלד.

מאָסקווע, מאָסקווע, וואָס איז ליבער?
יעדער איינער זי דאָ זעט,
איבער זומפּנ, איבער גריבער,
אינ דער פרי און אינ דער שפּעט.

רויטע קריגער, איר וועט קומענ,
ס'ווייסט דאָס קינד שוינ — טו א פרעג.

מירנ אויסשפרייטנ מיט בלומענ
אונ מיט בלוט פאר דיר דעמ וועג.

8

כ׳בינ אינ מינסק געוועג אצינדער,
ס׳איז אהינ דער וועג שוינ אָפּנ.
כ׳האָב אינ בענקשאפט פונ די קינדער
מיינע ווערטער דאָרט געטראָפנ.

דאָרטנ קליינ אונ גרויס באגריסנ
זאָרינענ מיט פרייד אונ ליבע,
ס׳וועט זיכ גאָר די וועלט דערוויסנ
אונ וועט פונ אימ זינגענ לידער.

ווייל דאָס לעבנ גייט זיכ ווייטער,
ווייל דאָס לעבנ ווייסט קיינ ענדע,
ווייל די צייט, דער פלינקער רייטער,
טראָגט פונ אימ שוינ א לעגענדע...

1945

# מינסקער געטאָ

## קאפיטל I

### 1

אָקטיאבער איז באלד שוין, עס פאלן די בלעטער,
עס איז זייער ווערטל פון שטענדיק א קליינס,
נאָר איך בין אצינדער געוועזן אין געטאָ,
און מענטשן און בלעטער — עס איז דען אלציינס?..

דעם טויט מיט קיין יאָמער וועסטו ניט צעשלאָגן,
זיין וועג ציט זיך שטום דורכן וואלד פון געוויין,
די עלטערע פירט מען אוועק אפ א וואָגן,
די יינגערע שלעפן דעם טראָט, ווי א שטיין.

### 2

אוי, אוי, ווי ס'איז בלוי, ווילדע גענדז, לעצטע גרוסן,
זיי פליען און פליען צום ווארעמען קאנט,
פארוואָס עפעס שטארבן, פארוואָס ניט צעקושן
דעם בוים, און די ערד, און דעם שטויב, און דעם זאמד?..

פאַרוואָס זאָל די זון אַזוי שווײַגן, ניט זאָגן:
שטעל אָפּ זיך, אַז ניט כ׳וועל איך וואָלקנס פאַרגיין...
די עלטערע פירט מען אַוועק אָפּ אַ וואָגן,
די יינגערע שלעפּן דעם טראָט, ווי אַ שטיין.

3

זאָגן רויִנעס — הייסט גאָרנישט ניט זאָגן...
ס׳האָט דאָ אַן אוראַלטער כאָלעם איך וואָגל
די פליגל צעשפּרייט און צעעפנט דעם שנאָבל.
קוקן ניט שויבן, נאָר פינצטערע ראָבן...

שטייען ניט ווענט — נאָר פאַרייכערטע סלופּעס.
ליגן ניט דילן, נאָר ליִמיקע קופּעס.
פון אונטער די ברוך-בערג פון שטיין און פון אײַזן
נאָך קען זיך אַ קינדערשער קערפּער באַווײַזן...

4

מײַן גוט, מײַן געל, מײַן אַלטינק פערד,
אַ קוק טאָן כ׳וואָלט געוואָלט אָפּ דיר...
דו האָסט אַ לעצטן מאָל אָפּ דר׳ערד
די פרײַנט מײַנע געפירט...

איך האָלט אַ גלעט געטאָן דײַן פעל,
און דאַן וואָלט איך דערפילט איך ווי
די האַנט מײַן זונס, וואָס האָט באַם שוועל
אַמאָל געגלעט דיך צאַרט אַזוי...

5

„ביטער איז מיר און פינצטער איז מיר",
פלעגט מײַן מאמע װײנען,
װען ס'פלעגן בעטן עסן בא איר
אירע קינדערלעך די קלײנע.

„ביטער איז מיר און פינצטער איז מיר",
מײַנע קינדער בעטן ניט עסן,
ס'האָט דער פײַנט זײ געטײט בא מײַן אײגענער טיר,
זאָל דער אײביקער װאָרעם אים פרעסן!

## קאפיטל II

### 1

איך האָב פאַרלאָזט א פריינט, א היים,
א טאָג א בלויען, ווי דער דאָרעם,
און האָב דערוווּשט א קופּע ליים
און וווּקסיק גראָז אַפ ברידער-קוואָרים.

די לופט איז שטיל, און נאָר א בין
קומט צו א בלום אַפ די רויִנעס,
אויב ניט אין שלעכטן כאָלעם כ'בין?
פאַרבלאָנדזשעט האָב איך אווהין עס?

נאָר שטיין, און שטויב, און גאָרנישט מער.
א בלאָנדינק ייִנגל לויפט דורך באַרוועס,
קום, וועלפעלע, קום צו אהער,
איך קום פון וועג צו פאָרן נאָרוואָס.

די גאסן דאָ דערקען איך ניט,
ווי איך וואָלט גאָר ניט זיין פונדאַנען,
ניט שטעלן דאָ די ערשטע טריט,
פון אָט דעם היגן קאָנט ניט שטאַמען.

2

צװוּאָרפֿנ — װער װײסט, װוּ איר זײַט,
איר, קװאָרימ ייִדישע פֿאַרלאָזטע,
באַמ ברעג פֿונ װאַלד, אינ פֿעלד באַמ זײַט
פֿונ לאָנקעס בלומיקע, באַגראָזטע.

אינ קופּעס אַש, אינ גריבער לײמ,
אינ די פֿאַרשאָטענע טראַנשײען,
װער יאָגט עס אַומ מיט אַ געװײנ
די װינטנ, װאָס אינ טאָלנ װײען?

3

אינ יול איז שטיל — אַ בלויִע נעסט,
אונ ס'קלײַבנ זיכ די פֿרײַנט צוזאַמענ.
זײ קומענ אופּגערעגט אונ פֿעסט
װי אײגענע צו אַלטע שטאַמענ,

סײַ די, װאָס זײַנענ — װײ אונ װינד —
מיט צײנ פֿאַרקריצטע דורכגעטראָטנ,
כײַ מוטער אָנ איר לײַבלעכ קינד,
סײַ קינד אָנ מוטער אונ אָנ פֿאָטער.

װי בושלעס קומענ זײ אַהײמ,
װענ זונ האָט ערד אַרומגענומענ;
ס'איז זײער צאָל געװאָרנ קלײנ,
נאָר בושלעס װאַקסנ אויס אינ זומער.

זיי האָבן אַלע פרייד געזוכט,
איז פרייד אָן היים, ווי ווײַן אָן פלעשער:
און היימלאַנדס פרוכט — די זיסטע פרוכט,
און פון איר ווײַן קיין ווײַן איז בעסער.

נאָך בלוטיקן צוזאַמענשטויס
אַפּסנײַ דאָס לעבן אָנצוהייבן,
זיי זײַנען גרייט. און דרײַ מאָל גרויס
איז זייער מוט און זייער גלויבן.

4

צום באַן האָבן מיך פרײַנט צונויפ
באַגלייט אין זומער-טאָג אין קלאָרן.
באַדאַנקט פאַר גאַסטפרײַנטלעכן גרוס,
כ'האָב אומגעקוקט זיך פאַרן פאָרן.

דעם זומערס פרייד, די ענדע שניט
האָבן געיאָמטעווט די קאָלווירטן;
און נאָכגעגאַנגען איז אַ ליד
אונדז דורך די וועלדער די קאָלירטע.

און שטיל איז יול, און בלוי, און קלאָר,
דאָס לעבן רײַפט און קריגט זײַן סקומע,
און כ'האָב געזען נאָך דאָר אַ דאָר
אַפּסנײַ אין פעלד איז אופגעקומען.

און גליק-געלעכטער, פרייד און רויש,
זיך אין די העלע ווײַטן שפרייטן...

איך ווייס, מיך ווארט א וועלט פֿאַרויס,
ווײַל ס'קענען שלענג א וועלט ניט טייטן.

און ס'האָט א טאָג אין בלוי געשטראַלט,
די וואסערן אין טײַך געצונדן;
ווען איך האָב דורכגעיאָגט דעם וואלד,
דאָרט, וווּ מײַן קינדהײַט איז פארשוווּנדן.

5

איך האָב אפּ עפּעס זיך געריכט,
וואָס האָט ווי פּראָסט געדארפט זײַן ניכטער,
נאָר ס'האָט דעם שאָטן און דאָס ליכט
פארשווענקט דער טאָג דער אומגעריכטער.

עס איז מײַן אלטע שטוב פארבײַ,
ס'איז שטויב און אש פון איר געוואָרן,
און אלץ כ'דארף אָנהייבן אפסנײַ,
ווי איך וואָלט נעכטן ערשט געבאָרן.

און ווידער בויען זיך א צעלט,
גלײַך, ווי אינמיטן וועג א רײַטער;
און דורכברעכן פאר זיך א וועלט,
קעדיי זי פאָרזעצן אפּ ווײַטער.

1945

## יונג כוידעש

ווי בא יונגע פערד די הייסע קערפּערס,
נעמען זיך די פעלדער וויגן,
דרייסן זיך פון דר׳ערד די ווערבעס,
ווען כ׳נעם אויסזינגען דעם ניגן.

אין דעם ניגון יונגען פאלן,
פויגלען קלינגען, וועלדער שאלן,
אזא וויי אין דיינע בליקן,
מיינט איר גאָר, אז איך בין שיכּער?

ווייל ווי קען א מענטש זיך פּלוצלינג שטעלן,
זיך פאַרהאַלטן באַם פאַרבייגיין?
ניין, מיך מאַכן שיכּער נאָר די טרעלן
און די כאַסענעס אף צווייגן.

איך האָב אויך געהאַט א ליבע,
אויך געוועזן מיט גליק געבונדן;
וויאַזוי איז עס אריבער?
וויאַזוי איז עס פאַרשוואונדן?..

ווי די מוטנע וועסנע-זאפטן,
ווי די גרינע זומער-האפטן,
ווי די יוגנט פון די קוואלן —
ניט געוואָרן און פארפאלן.

איצט א גרוס מיר פויגלען שיקן,
מײַנע וועלדער פרײַנטלעך רוישן,
און איר מיינט, אז איך בין שיקער, —
שיקער איז דער יונג אין דרויסן...

1946

* *
*

אײַך אָנהײב דער װײ, װי א פֿײַער,
פֿארבלענדט אלץ, פֿארלענדט און באראשט.
נאָר דאָס, װאָס איז ליב דיר און טײַער,
װערט נאָכדעם פֿארצװיגן מיט אש.

און אש איז דער אָנהײב פֿון ליד שױן,
עס שמעקט שױן מיט רײעך פֿון ערד.
און װידער עס װאקסט און עס בליט שױן,
די פֿײַן שױן דעם אָװאר געהערט.

ניט גײן זאָל אין אָפּגרונט פֿארלאָרן
דער אָנדענק פֿון הײליקן צאר,
נאָר טיף אין עם װאלד פֿון זיקאָרן
א פֿלעמל גליט אײביק דערפֿאר.

1944

# א קינד שטייט אופ

אָט ערשט האָט נאָך דער וואלד געברענט,
און בלוט האָט זיך געמישט מיט פײַער.
און איצט דורך קאָרע פונעם דעמב
זיך שנײַדט אדורך א צווײַג א נײַער.

אָט ערשט נאָך האָבן שטאָל און בלײַ
צעגאָסן זיך אין גרויען כאָלעל,
איצט פלייצט איר ליכט די זון פון מײַ
אפ בערג, אפ טײַכן און אפ טאָלן.

און דאָ, ווו ס'איז פארבליבן בלויז
דער גרויער אש און ציגל ברוינע,
באוועײַזט זיך שפיגל-נײַ א הויז
פון קרעפטיקע סאָסנאָוועביימער.

און דאָ, ווו ס'פעלט נאָך אויס א טיר,
א פענצטער ניט באוויזן שטעלן,
א קינד שטייט אופ פון אלע פיר,
און זײַנע אויגן זיך צעקוועלן.

אזוי איז איַינגעפּירט די וועלט:
די פּיַין גייט דורך ווי א געוויטער,
דאָס פאָלק א דענקמאָל יענעם שטעלט,
וואָס האָט פּ׳נ אומקומען פארהיט אים.

און ס׳איז שוין איַינגעפירט אזוי:
די שווערסטע לאַסט מוז ווערן גרינגער,
ווען פויגלען ציִען זיך צו בלוי,
צו ארבעט ציִען זיך די פינגער.

1946

* *
*

פאַרוואָס האָב איך געליבט אזוי,
וואָלט איך ניט ענטפערן מיסטאמע —
פאר שווארצע צעפּ, פאר אויגן בלוי,
פאר יוגנט צי פאר אלץ צוזאמען.

און דאן איז נאָך געווען דער ווינט
אין הימל אָן אן ערעך גרינגער,
און זי איז דאן געווען א קינד,
אפילע פון דעם ווינטל יינגער.

און ווער פון אונדז קיין דאָן-קיכאָט
איז ניט געווען אין פריִער יינען?
ווען ס׳זאָל באשערט מיר זײַן די גנאָד
כאָטש נאָך א טאָג אזא געפינען...

1946

# א ווינט א נײַער

1

ס׳בלאָזט יעדן טאָג א ווינט א נײַער,
א נײַער פעלדז וואקסט אויס אין יאם.
פון אלטן שטיין א בליציק פײַער
שלאָגט אויס דער יונג פון נײַעם שטאם.

אין אָפּגרונטווארפט זיך א געוואגטער
און קערט זיך אום מיט ליכט צוריק,
אין וואלד, וואָס איז ניט דורכגעהאקט נאָך,
כ׳וויל אויסהאקן זיך פרייד און גליק.

און זאָל מײַן וועג זײַן שווער, ווי אײַזן,
און זאָל עס זײַן דורך הייסן זאמד...
נאָר זאָל דער זאמד אזוי ניט קרײַזן,
ווי בושלעס, ווען די היים־נעסט פלאמט...

1946

# צום ברודער

ווײַט איבער ראַכוועסן יאַמישע — שטורמישע קאַנטן,
האָב איך אַ ברודער אַ לײַבלעכן, אַן אומבאַקאַנטן.

די זעלבע האַנט האָט געשטילט אונדזער דאָרשט, אונדזער ערשטן;
לײַבלעכע ברידער צעשיידט האָבן טויזנטער װערסטן.

גלײַך װי די פֿויגלען — צעשיידט אין באַזונדערע שליאַכן,
אונדזערע קינדער עס האָבן פֿאַרשיידענע שפּראַכן.

נאָר אין די שפּראַכן, װאָס זײַנען פֿאַרשיידן, פֿאַרשיידן,
טראָגן די אייניקלעך שטאָלץ דעם נאָמען פֿון ייִדן.

1946

* *
*

איך גיס אָן, דו גיס אָן, גיס און פאַרגיס,
אוי, וויפֿל פּרײַנט פעלן דאָ אַרום טיש,
אַפ די פינגער ציילן, וועט ניט קלעקן קיין הענט,
אַפ די ציגל ציילן, איז דאָס טויזנטער ווענט.
הונדערטער לידער אינמיטן קלאַנג,
הונדערטער שליאַכן אינמיטן גאַנג,
איבערגעריסן דורך ווילדע פֿײַנט...
וועלכע רום־ליד וועט געניגן זיי זײַן?
וועלכער סאַמעט זאָל זיי שענקען רו?
אין האַרץ זאָל זיי טראָגן איך און דו...

1946

# דער עמעס

עזרא פֿינינבערגנ

א שטרענגע זאך, א הארבע זאך דער עמעס,
זײַנ אורטײל קריצט ער אויס אפ העלפאנט-ביינ.
מיט אימ איז שווער, גלײַך ווי מיט פולע עמערס
פונ טיפנ טאָל צומ שפיצ פונ בארג דערגיינ.

מיט אימ איז שווער, נאָר יעדער שפאנ איז פריידיק,
אונ ווו דו קומסט, א ווינונג פאר דיר גרינט;
צומ שפיצ ניט קומענ די, וואָס גייענ ליידיק,
די פוסטע טריט פארווייט מיט שטויב דער ווינט...

באמ האקנ שטאָל, באמ שלײַפנ ווערטער-פערל,
דער עמעס איז פאראנ אינ יעדנ שווונג,
אונ זונ אונ זיג נאָר אימ אליינ געהערנ,
אונ גיינ מיט אימ הייסט זײַנ א לעבנ יונג.

1946

# דער שאכטיאָר

ער גייט ארויס זיך שטעלן אַפֿ דער וואך
אין דורכגאנג שמאָלן, אין די כוישעכ-היילן,
אז אויבן דאָרט זאָל ווערן ליכטיקער א סאך,
ער שפּאלט און שפּאלט די שווערע פלאסטן קוילן.

דער שטיין שטייט קעגן אים גלײַך, ווי א ריז, געשמידט,
מיט שטאָל אין האנט ער גייט אַפֿ אים פּארביסן,
דער אויצער אין דער ערד איז גאָר קיין אויצער ניט,
ביז דו האָסט פון דער טיפֿ אים ניט ארויסגעריסן.

ער שפּאלט און שפּאלט; און מיט זײַן לעמפּעלע, אין שײַן,
די שווערע שאָטנס ראנגלען זיך און שטויסן;
וואָס שטארקער ס'איז די וואנט, אלץ פולער איז די שײַן
און שטארקער זײַנע קלעפּ די גליווערניש צעטרייסלען.

1946

## זוך די קלאַנגען

זוך די קלאַנגען, ווי דער מענטש דאָס פֿײַער האָט געזוכט.
פֿון די דורכגעזיפּטע זילבן ווערן ווערט א בוך.
פֿון די ווערטער, קלאָר, ווי עמעס, פּראָסט און יונג, ווי פֿרייד,
מוז דאָס הארץ א קוק טאָן ווארעם, ווי דאָס לעבן גייט.
צו דער ערד לייג צו דײַן אויער און דערשפּיר,
הערצער ווארעמע נאָך שלאָגן זיך אין איר.
קוק זיך צו צום גראָז אפֿ בערגלעך פֿריש און רוי,
נאָר פֿארליבטע סוידען זיך דאָך צארט אזוי.
זוך די קלאַנגען, ווי דער יעגער זוכט די טריט.
וואָס איז טײַערער און שענער פֿון א ליד?

1946

# אינהאלט

## I. דורכ הייסע וועגנ



## II. איבער טויזנטער ווערסטנ

## III. ליכטיק



---


Редактор *Ш. Ройтман*. Художник *Г. Ингер*. Техред. *Ф. Фрумкина*.

Сдано в производство 28/VIII-46 г. Подписано к печати 27/IV-47 г. А—00165.
Печ. л. 3,5. Уч.-изд. л. 2,28. Форм. бум. 70х103 1/32. Тир. 4.000. Зак. 49. Ц. 1 р. 75 к.

Тип. „Дер Эмес“, Москва, Старопанский, 1.